[illegible] „גרינינקע ביימעלעך"
רעדאַקטירט פֿון ש. באַסטאָמסקי

---

משה בראָדערזאָן

# צאַפּלמענטשעלעך

ווילנע
פֿאַרלאַג „נייע יידישע פֿאָלקסשול"
1928

ס'איז אַ מַעשֶׂהלע אַ פֿיינע,
וואָס אינגאַנצן איז זי וואָר.
האָט נאָר נישט צו מיר קיין טַעֲנה.
וואָס דורכויס איז זי נישט קלאָר.

## קאַפּיטעלע א.

**װי זעט עס אויס ביים צאַפּלמענטשל־מייסטער אין שטוב, װען ער איז נישטאָ.**

אויף דעם העכסטן גאָרן — אויף אַ בוידעמל
אין אַ װינקעלע אין אַ פינצטערן
װוינט דער אַלטיטשקער — װוינט דער זיידינקע
צאַפּלמענטשל־מייסטער — ק ל ע ק פ א פ י ר,
אֵלִיָה־געצל בְּרֶב נָתָן־זעליק
קלעקפּאַפּיר — קענען אַלע אים!

איז בייטאָג, אַ שטייגער, זעט מען אים ניט אָן.
בלייבט דאָס בוידעמל אויף אַ שלאָס פאַרמאַכט.
און אויף טישעלע, און אויף דעם קאַנטיקן
ליגן אָנגעשיט באַפּירלעך, טעװעלעך,
און שטיקלעך פּאַפּ, און טייג פאַרטריקנטער,
פאַרשיידן בערשטעלעך, און שערן צװיי,
און פעדעם־קנײלעכלעך, און גלאַט אַזױ
שױן אױסגעשניטענע, און נישט־פאַרענדיקטע
האַלב־גופימלעך פון שמענדריקלעך,
הענטלעך־פיסעלעך פון האַצמאַכלעך.
און אַמאָל, אַמאָל — אַ שװאַרצינקער,
אַ פאַרפאַרטיקטער — אַ ציגיכאַנג.

קריכט פון לאָך ארויס
מ י ז ל ־ מ י י ז ל ־ מ ו י ז.
זעט זי — קיינער איז נישטאָ אין הויז,
און ס'איז צוגעשפאַרט און פאַרלייגט די טיר,
און נישטאָ דער באַלעבאָס, אליה־געצל קלעקפּאַפּיר!
גיט דאָס מייזעלע אַ שמאָרע מיטן נאָז
און האָפּ־האָפּ! אַ שפרונג אויף טישעלע

אויף דעם נאַקעטן, אָן אַ טישטעכל,
און אַ כאַפּ זיך צו — צו דעם שיסעלע,
צו דעם שיסעלע מיטן לייזן כאַפּ,
און מיט פּאָדערשטער, און מיט פיסעלע
זיך ביי וואַנטעלעך אַ טאַפּ,
און „ציק־ציק" געגעבן שטיל־שטיל אַ ניסערע
און אין שיסעלע אַ כאַפּ...
אָט אַ ביסעלע, און נאָך אַ ביסעלע —
גייט עס צו אַזוי — כאַפּ־לאַפּ!

זאָל נאָר באַלעבעסעלע אין דער טיר נישט טאָן
פלוצים און פון העלער הויט
אומגעריכט אַ קלאַפּ...

אָט אַ ביסעלע! אַ קאַפּ און נאָך אַ קאַפּ —
אינם שיכעלע הערט שוין קנאַפּער נאַפּ!

און דאָס מייזעלע איז שוין אויכעט זאַט.
פוצט זיך וואַנכעס אָפּ — ווישט — און מאַכט זיי גלאַט·
און פאַרביסן מיט אַ שטיקל טעהעלע,
אַ נישט כויגעדיקן, אַ גענכרטן,
(זי'ט נים מאַכן דאָך קיין היזקות איב!)
מיט אַ ביכל פאַרב אַלץ פאַרטרינקט זי גלייך
פון אַ שעלעכל פון אַ בלעכענעם —
קוקט זי זאַט זיך אום:
אויף דער כטעליע גרוי — אויף דעם באַלקנדל,
אויף דעם פענצטערל דעם פאַרשטויביקטן,
אויף די ווענטעלעך טונקל אויסגעקאַלכט,
און אויף מענטשעלעך די פאַפּירענע,
וואָס זיי הענגען דאָ שטילע כלאַמשיקע —
הענטלעך, פיסעלעך אויסגעצויגענע,
און די קעפּעלעך אויסגעבויגענע,
און פון מיטן פונקט — און פון זיי אַראָפּ
פאַלן צו דער ערד לאַנגע שנירעלעך —
גרויע פּעדעמלעך, וואָס באַוועגן זיי,
ווען גרוי־מייזעלע נאָר דערנענטערט זיך,

כאַכט די שנירלעך אָן מיט די ציינדלעך
און ציט, און ציט צו זיך,
און ציט, און ציט אַראָפּ:
גייען זיי נישט אום, נאָר זיי הענגען אַלע,
אויף די ערכער שטייף, און אויף די זעריבעכע,
און באַוועגן נאָר מיט די גלידערלעך

(אויף איין אופן נאָר, ווי די ברידערלעך!)
מיט די הענטעלעך, מיט די פיסעלעך —
און עס טרעפט דאָס רוב — אויך מיט די אייגעלעך,
און עס טרעפט צומאָל אויך מיט ציִנגעלעך...

הענגען אָט אַזוי צאַפּל-יינגעלעך,
און פאַר מייזעלע ווייזן שטיקעלעך,
ווען זי ציט זיי שטאַרק פאַר די שטריקעלעך!

## קאַפּיטעל ב.

ווי ס'צעהוליען זיך די צאַפּלמענטשעלעך מיט דער מייזעלע באַנאַנד.

אויף דעם העכסטן גאָרן — אויף דעם בוידעמל
פריילעך, לוכטיק איז און זייער האָפערדיק:
ס'ריידן שטומע רייד צאַפּל-מענטשעלעך
מיט דער מייזעלע — מיזל-מייזעלע.

בלויער פּאַיאַצל לידלפידלבלום,
ז'ער מיט לאָכנדלעך — קעפּל-קרייזעלע,
קוקט זיך לעבעדיק און געהויבן אום,
און ער זינגט זיך שטום זיינס אַ לידעלע,
טאַנצט אויף שטריקעלע אַ רקידה'לע;
איז דאָס לידעלע אַזאַ:

— זייט זשע שטילער! שאַ! שאַ!
— פּאַטש, פּאַטש קיכעלעך,
טאַט'ש' ט'קויפן שיכעלעך,
צאַצקעלעך און ביכעלעך!

פּאַטש, פּאַטש הענטעלעך —
הענטעלעך ווי פרענטעלעך,
קלאַפּן זיך אָן ווענטעלעך —
און בלייבן, בלייבן הענגען...

לאָמיר איצטער אונדזער צייט,
לאָמיר איצטער אונדזער צייט
פריילעכער פאַרברענגען!
— ווייסט ניט מייזעלע דעם טייטש פון לידעלע;
מייזעלע האָט ליב דעם טייטש פון אַלץ צו וויסן.
מייזעלע האָט ליב אַ צימעסל אַ זיסן!
לאָזט זי אָפּ דעם בלויען פאַיאַצל און גייט אַוועק,
לויפט אַוועק צום שוואַרצן יונגנמאַנטשיק,
וואָס ער האַלט אין האַנט אַ בעזים, ווי אַ קאַנטשיק,
וועלכן זי האָט ליבער מערער —
צו דעם שוואַרצן קוימענקערער
צו דעם מיכטער שוכטער צ י נ ג י ט אַ נ ג!

כאַפּט זי אָן פאַר שטריקל לאַנג,
און זי ציט אים, און זי ציט:
פליט דאָס פאַיאַצל און פליט,
און ער זינגט אַזאַ מין ליד:

איך בין מיסטער צינגיטאַנג!
מיך דערקענט מען אין מיין גאַנג,
און איך ב י ן דאָך נישט קיין לערער,
און נישט ווייניקער — נישט מערער,

ווי אַ יוכטער קוימענקערער!
פרעג איך אייך: צו קען מען זיין
שיין אַזוי? אַזוי מין פיין?
אין מיין גראַד נאָך מערער קלערער?

מערער קלערער קען שוין גאָרניט זיין! אודאי נישט!

איז דאָס מייזעלע שוין פאַרטיק מיטן צינגיטאַנג —
מאַכט זי זיך אַ קליינעם איבערגאַנג
צו דעם אייביק וואַכעדיקן, לאַכעדיקן האָצמאַכל,
וואָס ער האַלט זיין צינגעלע אַרויסגעשטעקט,
און זיין מלבושל געפּינטלט איז — מיט פעטס געפלעקט.
און זי זאָגט אים:
— לאַנגער, לאַנגער האָצמאַך, דו!
גיי אַרויס איצט פון דיין רו —

מיט די קונצן גיי אַרויס
פאַר דיין אורח׳טע דער מויז!

הייבט אָן האָצמאַכל צו צאַפּלען,
דרייען מיט די שוואַרצע אַפּלען —
און די אויגן זיינע גלאָצן,
און ער טוט דעם מייזלס רצון —

און ער לאָזט ניט וואַרטן לאַנג
אורח׳טע אויף זיין געזאַנג:

— האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך!
קיינעם, קיינעם גייט נישט אָן,
ווי איך האָב זיך אָנגעטאָן!

און איך הענג מיר אין דער זייט,
שמועס ניט מיט אָפּ די לייט!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך!
האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!

טראַכט זיך מייזעלע, אַז האָצמאַך איז אַ גרויסער נאַר,
זינגט ער עס אַזוי דערפאַר!
און זי גיט אַ שאַר זיך צו דעם שמענדריקל,
צו דעם, וואָס מיט די גלעקעלעך און טעלערלעך,

און מיט אַ מיצעלע, וואָס מיט אַ עפּיצעלע,
גיט זי אים פאַר פעדעמל אַ כאַפּ —
גיט ער מיט די טעלערלעך אַ קלאַפּ,
מיט די גלעקעלעך אַ קלונג —
און מיט שטומען שטימעלע אַ זונג:

— צים־צע־דע־רים! צים־צע־דע־רים!
פּאַטש איך מיט די טעלער!
אויפן בוידעם בעסער איז,
ווי אין טיפן קעלער!

צים־צע־דע־רים! צים־צע־דע־רים!
טאַנץ איך אויפן שטריקל!
איך בין מיר אַ שמענדריקל —
שמענדריקל־אַנטיקל!

און אַ שטיקל צייט איז עס ליהודימדיק אויף בוידעמל:
צאַפּלמענטשלעך צאַפּלען אום אויף שנירעלעך און שפּרינגען
און מייזעלע מיט דינער שטימעלע —
העלפט זיי צו צו זינגען!

## קאַפּיטעלע ג.

וואָס זעט און וואָס טוט קלעקפּאַפּיר, ווען ער קומט אָן אויפדערנאַכט.

ביינאַכט און אויפדערנאַכט קומט אָן דער באַלעבאָס.
פונם פראָסט — אַ רויטע בליט די נאָז.
באָרד — פון גאַסן־שניי נאָך ווייסער,
און מיט שטערן אויף די ברעמען.
קלאַפּט ער אָפּ דעם פראָסט פון זיך אויף שוועל.
מיטן שלעסל־שליסל טוט אַ זשאַווערדיקן סקריפּ;
ווישט זיך אָפּ דעם זילבער פון זיין אויבערשט ליפּ;
צינדט אָן אַ גאָלדן־לעמפּעלע, און ס׳ווערט אויף בוידעם העל!

איז נישטאָ קיין סימן שוין פון מייזעלע.
צאַפּלמענטשעלעך — זיי הענגען, ווי די זעלנערלעך,
קעפּלעך אויסגעגלייכט, ווי אין די האַרטע קעלנערלעך,
און זיי שטאַרן, גאַפן אויף דעם באַלעבאָס:
— וואָס, אַ שטייגער, וועט ער היינט דאָ טאָן?

באַלעבאָס, ר׳ אֵלִיָהו געצל קלעקפּאַפּיר,
גיט מיט שאַרפן שופר־נאָז אין לופט אַ פּיר:
שפּירט ער עפּעס אין דער לופטן — ס׳איז נישט רעכט.
עפּעס האָט זיך אָפּגעטאָן אָן אים בײַטאָג!
ווערט ער אומרויק, און קוקט די מענטשלעך אָן:
„וואָס, למשל, האָט איר דאָ אָן מיר געטאָן?
„טאָקע אָנגעשטיפּט זיך, ווי די שְקָצימלעך אין פעלד?
„טאָקע זיך „צעיושעט, ווי בײַסטרוקעס אויפן גאַס?!
„וואַרט נאָר! וואַרט נאָר!
„פאַרן אומלויפן און לויפן —
„וועל איך מאָרגן אַלע, אַלע אויספאַרקויפן!"
און ער ברומט און שמייכלט אין זיין באָרד...

און שוין!
און מערער הערט מען נישט פון אים אַ וואָרט.
נעמט נאָר פון דער קעשענע אַרויס אַ טאַבאַק־שקעטעלע,
קלאַפּט דאַן אָן אין פּערלמוטער־דעקעלע,
און שמעקט, און ציט מיט חולם־נאָז געשמאַק.
דערנאָך — זיך אויסגעשנייצט און אויסגענאָסן —
צינדט ער אָן אַ רויטן פייערל אין אייוועלע.
דערנאָך — זיך אָנגעטאָן די בלויע גרויסע בריל,
און אויף דער בריל — אַ צווייטע בריל —
נעמט ער זיך צו פּאַרעניש, צו אַרבעט שטיל:
אין פּאַפּירעלעך און גלאַנציקע פּיל צוגעשניטן,
און אַ קאַרטאָנדל־טעוועלע אַרומגעשניטן,
און אויסגעשניטן קעפּעלעך, און פיסעלעך, און הענט —
פּאַרפּישט ער אין אַ טעפּעלע דעם פרישן פּאַפּ,
און הייבט באַלד אָן די גלאַנץ־פּאַפּירעלעך צו טעוועלעך צו קלעפּן.

הייבן אָן פון זיך אַליין —

די הענטעלעך און פיסעלעך זיך שלעפן.
מיט פעדעם-קניפעלעך צו גופים צוגעבונדן.
און ס׳שפרינגען — אונטער טאָפּלט-ברילן — אים אַרום,
און ס׳לויפן אונטער הענט פאַמעלעכע ביי אים אַרויס —
ביי אליה געצל קלעקפאַפיר —
די גאַנצע מענטשעלעך שוין פאַרטיקע און טאַנצנדיקע
מיט באַמבלדיקע אֵברים און קעפּ,
און לייגן זיך אַן סֵדר אויס אויף טיש,
מיט הענט צעוואָרפענע, און איינס געלייגט אויף איינס,
און קאַרק געלענט — איינאַנדער — איבער צווייטנס קאַרק —
ווערט גרייט שוין צום פאַרקויפן אויפן מארק
פון צאַפּלמענטשעלעך — א באַרג!

און ווען שוין אַלע אויסגעענדיקט — הענגט ער זיי פונאַנדער
אויף באַלקן און אויף ווענט —
און רייבט זיך אָפּ פון פאַפּ די הענט.

די צאַפּלמענטשעלעך — זיי ליגן גרייט צום וואַנדער,
געגרייט אויף גוטס, געגרייט אויף שלעכטס!
און אליה געצל קלעקפאַפיר
פאַרקאָכט זיך אויפן פייערל א ביסעלע געקעכטס —
קאַרטאָפעלעך אין מענטעלעך.
און „קרילעט" אויף א הערינגל פאַר זיך,
און בראַקט א ביטער ציבעלקע אַרייַן,
און עסט זיך איפּגערוימט — מיט הענט געוואַשענע
מיט ברכה און מיט אָפּבענטשן —
און קוקט צופרידן אין אַן אַלטן ספרל אַרייַן,
און ברומט וואָס אונטער נאָז,
און זינגט פאַר זיך אַנווערטערדיק א זמירל,
אָדער — הלמאַי אָן ווערטער? — זינגט ער אָט אַזוי:

— אליה געצל קלעקפאַפיר,
ווען געוועזן וואָלסטו זיין
רייך, ווי קֹרח — אַ גביר,
וואָלט די וועלט געוועזן דיין!

וואָלטן אַלע דאָך געגלאַנצט
ווי באַשמירטע מיט לאַקיר,
וואָלטן מענטשן דאָך געטאַנצט
און געפרייט זיך אָן א שיעור.

אָדער גאָר אַזוי:

— אליה געצל קלעקפאפיר, װאָס װיל האָבן גאָט פון דיר,
אַ גדולה צו דײַן קאָפּ! װאָס ער לאָזט דיך גאַרנישט אָפּ!
אָדער גאָר אַזױ —
פֿאַרװיגט פון אַ געדאַנק,
לײגט ער זיך, און דרעמלט־אױפן באַנק...

## קאַפּיטעלע ד.

אין װעלכן עס קומט צו גאַסט די לבֿנה און צװינגט זיך אױפן קול.

און אַז אײַנגעדרעמלט האָט דער באַלעבאָס,
גיט צוערשט דאָס בוידעמל אַ ריר זיך פונם אָרט,
און ס'גיבן אַלע חפצימלעך פון אָרט אַ צאַפּל.

ראשית גיט דאָס גאָלדן־לעמפּעלע אַ פֿלעמל אױף דורך גלעזל
און עס שטעקט אַרױס אַ לאַנגן שאַרפן צונג;
דערנאָך — — פון זײַן געשטעל עס טוט אַ שפּרונג —
און װערט מגולגל אין אַ ליכטיק און געשליפן זײפן־בלעזל,
װאָס הױדעט זיך אַרױף — אַראָפּ!

באַקומט דאָס זײפן־בלעזעלע אַ פּנים, אױגן און אַ נעזל,
און גיסט פון קלײנע אײגעלעך מיט טרערן גרױס, װי באָב:
— „ס'טײטש, באַלעבאָס?! פֿאַרװאָס? פֿאַרװאָס?
„פֿאַרװאָס, אַ שטײגער, װילסטו זײ פֿאַרקױפֿן?
„טאָרן צאַפּלמענטשעלעך נישט לױפֿן,
„װי די קינדערלעך אין אַלע הױפֿן?!"

און אַלע צאַפּלמענטשעלעך צעשאָקלען זיך פון זיך אַלײן:
—„סאַראַ אופן איז עס? װאָסער אופן?!"
און הײבן פּיסלעך, הײבן הענטלעך — הײבן אָן צו גײן.
און אַלע ברעכן אױס אין גרױס און טרערנדיק געװײן,
און אַלע פּילדערן און שרײַען אױפן קול —
אײנײנעם אַלע — מיטאָמאָל:
—„מיר װעלן זיך נישט לאָזן אױספֿאַרקױפֿן!
„מיר װעלן זיך נישט לאָזן אין דער קאַשע שפּײַען!
„אַ קשיא אױף אַ מעשה, װאָס עס װאַרט אונדז דאָרט אין דרױסן!?
װער װײסט — װאָס יעדערער מיט אונדז צו טאָן איז אױסן?"

און אָט אַזױ — זײ האַלטן אין אײן שרײַען;

און אֵלִיָה געצל קלעקפּאַפּיר
קערט זיך איבער... און ער וואַרפט זיך אום אויף אַלע זייטן,
חלומט עפּעס פון אַ וועג אַ שווערן און אַ ווייטן — —
גיט פון העלער הויט אַן אוּמגעריכטן צאַפּל
מיט לײַב און לעבן אויף דער לאַנגער שמאָלער באַנק —
פאַלט אַראָפּ בײַ אים פון קאָפּ דאָס קאַפּל...
און — — סלעשט זיך אויס פאַר שרעק דאָס לעמפּל
מיט אַן אויפשפּרונג — מיט אַ צאַנק — —
און — — עס קומט אַרײַן, אַ שטײַגער,
די לְבָנָה אויפן בוידעמל, אַ קײַלעכדיקע, שטיל,
עַל כָּל פָּנִים מיט אַ פּנים פון אַ זייגער.
האָט לבנה ציפערבלאַט מיט ווײַזערס און געוויכטן;
און איידער נאָר מע קען זיך ריכטן,
אויסדערציילן זאָל זי זילבערנע געשיכטן —
הייבט זי אָן צעצויגן לאַנג
אויסטערליש צו זינגען אָטאָ דעם געזאַנג:

אויפן הימל הענגט דער זייגער,
ציפערבלאַט פון ניקל —
איינס — צוויי! קלינגט דער זייגער —
ווײַזער — פּעמפּעדיקל.

צוויי געוויכטן — מײַן פאַרמעגן —
הענג איך אויף אַ שטריקל.
איינס — צוויי! ווײַזט דער זייגער —
ווײַזער — פּעמפּעדיקל.

האָט דער זייגער אין געדערעם
אַ חולאת אַ שטיקל!
איינס — צוויי! קרענקט דער זייגער —
ווײַזער — פּאָמפּעדיקל.

פּלוצים, ווי אַ ציג, אַ שטײַגער,
גיט ער זיך אַ ציקל!
איינס — צוויי! מעקעט זייגער —
ווײַזער — פּעמפּעדיקל.

אוי, דער זייגער אויפן הימל
איז דאָך אַן אַנטיקל!
איינס — צוויי! זינגט דער זייגער —
ווײַזער — פּעמפּעדיקל.

האָ? ווי שפּעט איז, אליה געצל?
טו אויף מיר אַ שיקל.
איינס — צוויי! הוסט דער זייגער —
ווײַזער — פּעמפּעדיקל.

כאַפּ אַ בליקל, אליה געצל,
כאַפּ אַ פלינקן בליקל!
או! וואָ! ס'שטייט דער זייגער —
ווײַזער — פּעמפּעדיקל:

וויקל מיך אין חלום דײַנעם,
הימלדיק פאַרוויקל!
איינס — צוויי! זינגט דער זייגער —
ווײַזער — פּעמפּעדיקל!

אָט אַזוי — אַ שטיקל צײַט דער זייגער קלינגט דער רונדער •
און טוט זיך זיינס: און ציילט. און ציילט!
דערנאָך — נעמט איטלעכער פון צאַפּלמענטשעלעך באַזונדער,
און טוט זיך אָן אַ כּח און דערציילט.

## קאַפּיטעלע ה.

אין וועלכן לידל=פידל=בלום באַקומט לשון און באַווייזט חידושים.

דער ערשטער פון די חייסע חברהניקעס קוקט זיך גלייך אַרום
דאָס בלויע פּאָיאַצל. וואָס הייסן הייסט ער: לידל—פידל—בלום!..
ער זאָגט אַזויצוזאָגן, און בזה הלשון:
—ס'איז גוט: דאָס לעמפּל אויסגעלאָשן.
איצטער וועל איך קענען שפּרינגען
און מיין לידל דרייסטער זינגען:
— כּאַטש, כּאַטש קיכעלעך! שיכעלעך און זעקעלעך!
טאַט'שי ט'קויפן שיכעלעך! אויף די פיסלעך—גלעקעלעך!..
און אַזוי, און אויף דעמזעלבן אופן ווייטער.
און אַזוי, און אויף דעמזעלבן אופן הייטער.

היפּערט ער אַרום, און פיסלעך בייט ער,
און — — שטעלט זיך פּלוצים אָפּ,
דערהייבט דעם קאָפּ, און זאָגט אַזוי:
— לבנהלע, דו מיין! לבנהלע, דו פיין!
אַז ליכטיק זאָלסטו זיין!
און קום צו אונדז אַצינדערט
טאַקע אינ'ם בוידעמל אַריין!
חעל איך עפּעס ביי דיר פרעגן,
און דו—דו ענטפער מיינעטוועגן—
חאָס דיר גלוסט זיך, חאָס דו ווייסט,
חאָס דו חייסט און דו פאַרשטייסט!
און די זאַך איז אָט אַזאַ:
מייזעלע האָט מיר דערציילט,
אַז איך בין עס אויסדערוויילט
מיט פּאַפּירעלעך צו גלאַנצן,
אויף דעם שנירעלע צו טאַנצן—
אָן געטומל, אָן געאייל—
אויף אַ קורצע, פלינקע וויילי!
און איך טאָר נישט אויסצוקלייבן,
איבערקלייבן גוטס און שלעכטס,
און נישט קוקן לינקס און רעכטס,
און נישט קוקן, און נישט גאַפן,
און קאַטאָוועסן נישט טרייבן...
וועל איך אויסגעריבן ווערן,
און צעפּליקט. צעריסן ווערן,
וועט פון מיר אַ „גאָרנישט" בלייבן—
און — — אויף דעם בין איך באַשאַפן!..

הערט לבנה אויס די רייד פון בלויעם פּאָיאַצל,
זאָגט לבנה מיט אַ שמייכעלע אַ ליבן:

— מייזל האָט אַ האָר נישט איבערטריבן!
ווי באַשערט איז—טאַנצן דאַרף מען, מוז מען!
מייזעלע האָט נישט געזאָגט קיין גוזמאָ:
(מייזעלע איז אַ חכמה—נאָך איר פּיטשינקער נשמה!)
אָלאַ, וואָס זשע דען—מע טאָר זיך נישט פאַרקלעמען
און צום האַרץ און נאָנט—איר פּישטיען נישט פאַרנעמען!
אָלאַ, וואָס זשע דען—מע דאַרף קיין סך נישט קלערן—
בעסער וועט פון דעם, און לייכטער וועט נישט ווערן!
אָלאַ, וואָס זשע דען—מע דאַרף נישט צופיל טראַכטן:
דער קאָפּ פון פערד איז גרויס—טאָ זאָלן סוסים טראַכטן...

זאָגט לידל—פידל—בלום:
— נו, גוט! וואָס טוט מען אָבער יעמאָלט,
ווען אינם קאָפּ ביי מיר אַ ווייטאָק תמיד פלעמלט?
וואָס טוט מען אָבער פאַרט, ווען עמיץ ט'נישט געשפּאַרט
און אין מיין קאָפּ אַריין פּיל ב'אָדלען אָנגעשטאָכן?
און מיין געמיט איז טריב, און אומעטיק געבראָכן!
און ווען איך זינג אַרום, און ווען איך טאַנץ אַרום,
איז אָך-און-וויי צו מיר—צו לידלפידלבלום!
אָט טאַנץ איך און איך זינג, און ס'ברעכן מיר די קנאָכן,
און ס'שטיקט מיך ביי דעם האַרץ, און ס'ווערגט מיך ביי דעם האַלדז,
און איז'ן איז'ס נישט מער — — ווי די געדאַנקען אַלץ— —

פאַרענטפערט אים לבנה מיט אַ שמייכעלע אַ ליבן:
—אָט-וואָס, הער, עס איז דיר אויסגעבליבן: וואַרף די שטעכערלעך אַוועק—
וואַרף די נאָדעלעך אַרויס— נעמען וועט אַ סוף, אַן עק!
וועט פון קלעמונג ווערן אויס! — — — — — — — — — — — — — —
און עס רייסט זיך אָפּ מיט שטריקעלע פון כשוועקל
לידלפידלבלום, דער שפּרינגער,
און מיט גלעקעלעך מיט קלינגער,
מיט אַן אויפגעהויבן פינגער,
מיטן פינגער—צו דעם מויל מאַכט ער צו לבנה-קויל:
— „פּתח שין איז—זאָגט ער—שאַ!" זיי זשע שטילער! שאַ! שאַ!

און אין מויל פון אליה געצל קלעקפּאַפּיר,
וואָס איז ברייט געעפנט ווי אַ טאָפּלט-טיר,
שפּרינגט ער מיט אַ האַסטיקייט אַריין, און ווערט אַנטרונען.

און אליה געצל גופא גיט א חיילע אויגן זיך אן עפן אויף,
צום באלקן דריי מאל שפייט ער
און טוט א טיפן געניץ מיט א פייף, און — — דרעמלט ווייטער.

## קאפיטעלע ו'.

דא רעדט דער שווארצער מיסטער שוסטער צינגיטסאנג.

דרעמלט אֵליָה געצל טיפער איינגעזונקענער און שווערער—
ווערט ממילא ווייכער אינם שלאף די הוילע באנק...

הייבט זיך אן אויף שטריקל צו באוועגן קוימענקערער,
יענער שווארצער האכסנדיקער מיסטער שוסטער צינגיטסאנג.

— כ'האב שוין לאנג נישט, ווי ס'באדארף צו זיין, גערעדט —
זאגט ער צו לבָנָה מיט אן ערנסט:
— „זאגט, ווי שפעט?"

זאגט לבָנָה:
— „אויף מיין זייגער—
„איז, א שטייגער, דריי א זייגער!..."

— המ... מ...
„ס'איז דריי א זייגער? — זאגט ער—זאגט איך בעט אייך:
„ס'אר א טַעַם, למָשל, האט א ציבלקע געבראקט אין רעטאך?
„המ... מ...
„איך פרעג עס איצט ביי דער געלעגנהייט—ביי אייך —
„באשר איך, און מיסטער האצמאך,
„מיסטער שמענדריק, און א ו י ך לידלפידלבלום...
„חייל... באשֶר, ווען ס'איז טאג—מיר זיינען אלע שטום...
„און פון פארלאנגען אונדזערע עס לאזט זיך אויס א טייך...
„המ... מ...
„איך פרעג עס איצט ביי דער געלעגנהייט—ביי אייך.
„מַחמַת כ'ווייס, איר וועט א תשובָה געבן גלייך—
„פ א ר ע נ ט פ ע ר ן:

„פ א ר ו ו א ס מיר קענען נאר אין די פארנאכטן
„טראכטן?!
„פ א ר ע נ ט פ ע ר ן:
„פ א ר ו ו א ס מיר זיינען נאר ביי טאג באשיידן—

„און קומט די נאַכט—און ביידערנאַכט מיר קענען ריידן?
„פ אַ ר ווּ אָ ס — פּאַפּירענע—מיר טראַכטן נישט פון אונדזער עלטערזיידן?
„פ אַ ר ווּ אָ ס איז גרויס און קליינס—
„פאַר אונדז איז עס אַלץ איינס?

שלאָגט איבער די ל ב נ ה זיינע רייד:
— פאַרוואָס? פאַרוואָס?
„פאַרוואָס פאַרוואָסעסטו?
„די טִפֵּש—דו!"
און זאָגט:—„ס'איז שווער צו געבן אַ באַשייד,
„און מיטאַמאָל אויף אַלץ, וואָס נישט באַטראַכט און ראָש איז!
„אָט לאָמיר—זאָגט זי—אין די אַלע דיינע קשיות
„אַ שטיקל סֵדֶר ברענגען!
„דו בלייב אַ ווײַלע הענגען
„און הער מיט קאָפּ און מיט געפיל זיך איין:
„ערשטנס, איז אַ ציבלקע געבראָקט איז רעטאַך זייער פיין
„מעגסט גלויבן בנאמנות, ביי מיין שיין!
„און אויך פאַרקערט —
„אַ רעטאַך אין אַ ציבלקע געבראָקט איז עפּעס ווערט!
„אָט האָסטו—איינס!
„און צווייטנס, הלמאַי איר אַלע דאָ אָרום
„איר זענט בייטאָג אי שווייגעדיק אי שטום?
„אויף דעם איז דאָך דער תּירוץ קלאָר—
„פאַרוואָר
„איר גיט זיך נישט בייטאָג פון אָרט אַ ריר!
„און גופים אייערע, און די נשמות איז—פּאַפּיר!
„און דאָס פּאַפּיר קען ווערן צו אַ ח ל ו ם נאָר געבראַכט!
„און די חלומות, כּיָדוע, קומען ס'רוב ביינאַכט!

„דעריבער—
„ליבער, איז עס אויך אַזוי, וואָס ביידערנאַכט איר פרוּווט זיך ריידן!
„דעריבער—
„ליבער, איז עס אויך אַזוי, וואָס טראַכטן טראַכט איר
נישט פון אייער עלטערזיידן

„דעריבער—
„ליבער, איז ער פונקט ווי די, פאר דעם אנטשטיין, געווען א בבל —
„טאָוול!
„און דריטנס, דאָס—וואָס גרויס און קליינס
„פאר א י״ך איז דאָס אַלץ איינס?!.
„איז דאָס די סיבה, וואָס דערזען דערזעט איר נישט
מיט אויגן אויסגעמאָלט!
„איז קופער פונקט דאָס זעלביקע ביי אייך, וואָס גאָלד
„און אלע זעלנער און יוָנים
„האָבן—אין די אויגן אייערע — א י״ן פנים!..״

אזוי פארענדיקט די לבנה מיט א שמייכעלע פארטראַכט
און כאפט א קוק אויף נאכט — —
און ווי זי קוקט אזוי—דערווייל—
מאכט צינגיטאַנג א שפרונג—א מייל!
און מורמלט אונטער: — „א געזונט איר טאַטנס-טאַטן!
„ווי כ׳פארשטיי נישט—פונקט אזוי זאָל מיר נישט שאַטן!
„איך פארשטיי דאָך נישט קיין וואָרט...
„בנאָמָנות... ערן-וואָרט!

און—גערירט זיך פונם אָרט,
שפרינגט ער אינם מויל, וואָס אָפן
אליה געצל האַלט אין שלאָפן—
און אנטרינט דאָרט מיט געזאַנג:

— איך בין מיסטער צינגיטאַנג!
מיך דערקענט מען אין מיין גאַנג,
אז איך בין דאָך נישט קיין לערער,
און נישט ווייניקער—נישט מערער,

ווי א יוסטער קוימענקערער!
פרעג איך אייך: צי קען מען זיין
שיין אזוי? אזוי מין פיין?
אין מיין גראַד נאָך מערער קלערער!!

## קאַפּיטעלע ז׳.

אין וועלכן האַצמאַכל אַרבעט מעשים; און אויב נישט אין מויל — קריכט ער אין אויער.

— האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך! —

מיט דעם פזמון אָטאָדעם — איז אַרויס ער פונם ווינקל,

מיט אַן אויג געטאָן אַ פינקל.
ווען דער צאַפּלמענטשל־מייסטער
האָט דעם מויל (ווי ס'טרעפט — אַ טייסטער)
מיט אַ צוקנאַק צוגעמאַכט,
האָט ער פּלוצים אויפגעוואַכט
מיט אַ ציטערל פון גלידער —
פּאַיאַץ האָצמאַך — מיט אַ ציטערל
פון זיין גלאַנציקן גאַרניטערל —
פון גאַרניטערל דעם בונטן,
און — — אַראָפּגעשפּרונגען אונטן,
און געזונגען ווייטער — ווידער:

— האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך!
קיינעם, קיינעם גייט נישט אָן,
ווי איך האָב זיך אָנגעטאָן.

און איך הענג מיר אין דער זייט,
כ'שמועס ניט מיט אָט די לייט!
האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך!

— „וואָס איז דען פון דעם געדרונגען?" —
האָט ביי האָצמאַכלען געוועזט
די לבנה זיך געפרעגט — —
האָט זיך האָצמאַכל געשפּרונגען
און זיין זמרל געזונגען:

— וואָס געדרונגען זאָל דען זיין?
שפּרינגען איז דאָך שיין און פיין!
שפּרינג איך מיר אַרויף, אַראָפּ!
מיט די פיס און מיטן קאָפּ!

שמייסן! שמייסן דאַרף מען! שמייסן!
פאַר די אַלע נייע בייסן!
פאַר דאָס שלעפּן מיט געוואַלד
בער אַרויס פון ווילדן וואַלד!

האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך!
וואָס איז דאָ נאָך וואָס צו טאָן?
רייסט מען זיך — וואָס גייט מיר אָן?
אַז ס'איז אַלץ נאָר אויף צופלייסן,
טיי דאָס רייסן זיך און בייסן!

האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך!
גאָרנישט טאָר נישט זיין גענומען —
אַלץ אַליין, אַליין וועט קומען!
אויך דער אויסלייזער אַליין!
קען עס אַנדערש נישט פאַרשטיין!

האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!
און איך טאַנץ מיך און איך גלאָץ מיך!

האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך!

און דעריבער, און דערוועגן
ווײל איך נישט בײ קײנעם פרעגן!
פרעגט בחרם וואָס—ווער—ווײל!
ווײל איך בעסער זײן א מיל!

האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָצמאַך!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך!

האָב איך טאַקע באַקן רויטע,
און א פּנים פון א שוטה —
צוליב דעם, און אויך דערפאַר
זאָגט מען: האָצמאַך איז א נאַר!

האָצמאַך בין איך! האָצמאַך! האָמאַך!
און איך טאַנץ מיך! און איך גלאָץ מיך

האָט׳ס געדולד און קענט אזוינס — דעם האָצמאַך דעם פאַרטראָגן!
האָט לבנה טאַקע אויף דעם פּזמון אָטאָ דעם
אויפגעהויבן א פאַרוואונדערט זילבער-ברעם,
און געזאָגט אזוי צו זאָגן:

— „בעסער איז, פאַרשטײט זיך, אָט אזוי,
ווי נודנע קלאָגן!
„בעסער איז אזוי געוויס!
„ס׳הײסט — צו זײן האַלב זויער-זיס...
„ס׳הײסט — א פּעולה גרויס און שטאַרק —
„ס׳הײסט — א פּעסט געדולדיק קאַרק —

„א נשמה נישט קײן דולע...
(„אויף דער באָבען א גדולה!״)
„אָבער ווײטער וואָס וועט ווערן?
„וואָס וועט ווײטער — איצטער ווערן—
„מיט דעם אײנעם פון א סך?!״
„לאָמיר איצטער זיך באַקלערן!״

— „זאָלבן פאַר משיח גאָטס מיר
איז געוויס א גלײכע זאַך!״
האָט געזאָגט דער פּאַיאַץ האָצמאַך:
— וועט איר זען! און וועט איר הערן!״ —

און מיט ווערטער אָטאָ-די
האָט ער זיך געטאָן א צי,
און אין דרײען זיך געבראָכן,
און מיט פלינקײט אומגעהויער
אין דעם אלטנס רעכטן אויער
אױ״נגעקראָכן!

## קאַפּיטעלע ח׳.

שמענדריקס נשמה איז נישט קײן ראָזשינקע, און ער טענה׳ט אויך פאַר פײער און פאַר וואַסער.

עליע געצל קלעקפּאַפּיר
האָט א קלײנעם ניס געגעבן מיט א שלוקערץ
און זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער ברײט —

איז שוין שמענדריקל דער תּם
מיט אַ פּיסקל פּייער־פלאַם —
איז שוין שמענדריקל אַרויס מיט רייד:

— „צאַפּל מענטשעלעך צעלאָזן,
„עלנט־שייטער אויפגעבלאָזן
„און אַליין מיך דאָ געלאָזן?!
„איז עס דען אַ יושר גלאַט?!
„אַט אַזוי — מע פירט עס שטאָט —
„גלאַט אַנטלויפן, ווי די האָזן?!

„און אויב יאָ — אויב יאָ פאַרקויפן —
„דאַרף מען דען פון מזל שטרענגען,
„אַט אויף וואַסערן מיר הענגען
„הענדום־פּענדום פלינק אַנטלויפן?

„אין אַזעלכע אימה־נעכט
„איז לבנה דאָך גערעכט: —

„יעדער מענטשל אויף זיין שטריקל
„איז דער צייטס אַ פּעמפּעדיקל"...

— „דאַכט זיך, אַט אַזוי
האָט איר, געשעצטער „מאַנד",
האָט זיך שמענדריק — מיט די הענט
דייטשמעריש צו איר געווענדט)
„אַט אַזוי געזאָגט האָט איר,
געשעצטער „מאַנד",
„דאַכט זיך, ריכטיק זיך דערמאָנט!
„נישט וואָר — אַן אייזערנער זכרון,
„אויף לאַנגע יאָרן נאָר!!
אויף לאַנגע יאָרן!

— „איך בעט אייך אייער כּבוד איבער —
„נישט אַזוי האָב איך זיך אויסגעדריקט, מיין ליבער!"
האָט זיך אָפּגערופן די לבנה —
„מיר שיינט, אַז אַנדערש האָב איך עס געזאָגט, מיין פריינט!
„דו האָסט אַ האָרעלע פאַרדרייט די רייד!
„דו ביסט — אַ מרה שחורה'ניק, אַן עסיק־מענטשל...
„און נישט בחינם, נישט אומזיסט
„דיין אויסזען איז — מער ווייניקער —
„אַ דאַרער און אַ בייניקער!..

האָט עס שמענדריקן פאַרדראָסן!
אָבער — סטייטש — אַלץ הייסט פאַרדראָסן!
האָט מיט בלוט זיך אָנגעגאָסן
פּנים שמענדריקס — ווי אַ פלאַם,
ווי ביי האָן דער אויבן־אָן,
ווי ביי קרייערל דער קאַם!
און פון כּעס, און פון גאַל
האָט אַרויסגעשפּריצט אַ קוואַל,
און ער האָט אַרויסגעשאָסן:

— „בעט איך עמיץ? פרעגט אייך עמיץ, „וויסן זאָל מיקיטע ניעמעץ —
„וואָס איר זענט אזוי מין דרייסט? „וואָס איר ווייסט!

און ער האָט זיך — שמענדריק הייסט עס —
אָפּגעטרייסלט מיט זיין מיצל,
מיט זיין פּיצל קאָפּל-שפּיצל
(וואָס ס'איז טרוקן, ווי א שטרוי,
און עס טראַכט, דער טייוול ווייסט עס,
ווי, א שטייגער, ווי אזוי?..)
האָט ער זיך מיט גרויסער הֶעזֶה
אין זיין טאַנץ צוועקגעלאָזן —
ווי א פּוכל אויפגעבלאָזן,
נישט געאיילט און נישט געכאַפּט
מיט די טעלערלעך געקלאַפּט —
שמענדריק-בויגז-טאַנץ געשפּרונגען,
און מיט גלעקלעך צוגעקלונגען,
און אויף קול'עכל געזונגען:

— צים—צע—דע—רים!
צים—צע—דע—רים!
פּאַטש איך מיט די טעלער!
אויכן בוידעם בעסער איז,
ווי אין טיפן קעלער!

צים—צע—דע—רים!
צים—צע—דע—רים!
גלייכער שוין אין לופטן,
ווו עס דיפטן בלימעלעך —
הימעלעך עס דופטן!

צים—צע—דע—רים!
צים—צע—דע—רים!
כ'בין דאָך אָן געדערים!
לייג איך זיך אוועק אין דר'עוד —
קען איך פרעסן ווערים!

צים—צע—דע—רים!
צים—צע—דע—רים!
הענג איך אויף א שטריקל!
בין איך מיר א שמענדריקל —
שמענדריקל-אַנטיקל! —

פונקט אזוי!
ווען אָפּגעזונגען מיט א טראָפּ א פלינקן —
האָט ער זיך א לאָז געטאָן
צו עליע געצלען אויף דער באַנק,
און פלינקער נאָך ווי א געדאַנק
אריינגעפלויגן אים אין אויער אינם לינקן! —

## קאַפּיטעלע ט׳.

האָט מייזעלע אַרויסגעשפּיצט איר נעזל פון דער נאָרע
מייזל וויל נאָך צאַפּלמענטשלעך מאַכן אַ הַזכָּרָה,
אָדער עפּעס־וואָס נאָך אַנדערש טאָן — —
קוקט זי שיקדיק די ווענטלעך אָן:
זעט זי גייע חֶבְרָה־לייט אַ באַרג עס ליגן,
איינער אויף דעם אַנדערן אַ הַיפּשע ביסל: אָן עין הרע,
נאָר די אַלטע האָבן אַלע זיך אַרויסגעקריגן
און אַנטרונען אַלע — איינגעשוויגן.

שטיל איז איצט אויף בוידעמל, אַזש אַ מחיה.
שטיל איז איצט אויף בוידעם ל— אַ פאַרגעניגן!
עפּעס ליגן דאָך אַ קופּע מענטשלעך נייע
און מע הערט נישט עמיצן פון זיי זיך קריגן!

און לבנה איז אַוועק אין וועג אין אירן,
אין פאַנטעפּעלעך אין זילבערנע אַוועק שפּאַצירן;
מיט די שטערן, איז אַוועק אין הימל זיך צו וויגן —
מיט די שטערן קאַרעהאָדן נאַכטיקע צו פירן!

איז דאָך טאַקע וויל און גוט:
מוין האָט ליב אַז פינצטער אין דעם פענצטער רוט!

גלאַט אַזוי — ס׳איז בעסער אומצוזאָגן
זיך אַליין! און טעלערלעך צו לעקן!
ס׳איז באַקוועמער עפּעס אין די ציינדלעך אומצוטראָגן:
אָט אַ שטיקל חֵלֶב, אָדער גאָר אַ שטיקל שמאַלץ —
(פון רַעיונות, נעבעכקעס, עס קיצלט איר ביים האַלדז...)
און עס לאָזט זיך פינצטערניש אַרומצושמעקן!

אַ רַחמָנות נאָר אויף עליע געצל קלעקפּאַפּיר:
עפּעס וואַרפט ער זיך פון זייט אויף זייט, און אָן אַ שיר;
עפּעס גיט ער מיטן נאָז אַזאַ מין פייף — אַ בלאָז!
עפּעס פּאָנפעט ער און מורמלט אונטער נאָז.
און הוסט און שנאָרכט — און ניסט און שנאָרכט —

שטייט מייזל אויף די הינטערפיסעלעך און האָרכט,
וואָס שאָרכט עס עפּעס אין דער טיף אין אים,
וואָס כאָרכלט עס פון אינגעווייד אַרויס?...

— פּלוצים הערט אַ טויבע שטימעלע די מויז,
און נאָך אַ שטימעלע, אַ דריטע און אַ פערטע שטים...
— הא? וואָס איז דאָס? — ווער א י ז? —
פרעגט זי מייזלדיק און דינטשיק־זים:
— ווער א י ז ס—ס—ס?

ענטפערט קיינער נישט — און ס'בלייבט אַ ווײַלע שטיל.
פילט זיך נישט דאָס מייזעלע און פרעגט איבעראַנייס:
— „ווער איז'ס—ס—ס? „אַנישט — איך בייס'ס—ס—ס!
„ווער איז'ס—ס—ס? וואָס—וויל—ל—ל?"

ענטפערן שוין אַלע אויפן קול:
— „וואָס מיר ווילן? — שרייען מיט אַמאָל:
„ווען־ווילן מיר אַרויס אויף פריי צו דיר
„פון דעם אינעווייניק — פון דעם קלעקפּאַפּיר!
„שוין דערעסן דאָ צו רופן — ממעמקים!
„נעם צעבייס אים! נעם צעהאַק אים!
„ווייל ס'איז פינצטער דאָרטן, אַז עס נעמט אַרום אַ גרויל!
„נישט צו עפענען אַן אויג און נישט — אַ מויל!

„ווייז אונדז ווי אַרויסצוקומען
„וועל מיר דיך באַדאַנקען:
„דיך באַצאָלן מיט מזומן,
„שענקען דיר געשאַנקען!
„מיר—מיר זיינען זאַלבעפערט:
„צינגיטאַנג און האָצמאַך,
„לידלפידלבלום דער בלויער,
„שמענדריקל — און שוין!" — —

האָט דאָס מייזעלע דערהערט
פון די מענטשלעך זאַלבעפערט,
האָט זי זיך געלאָזן לויפן
צו דעם ספרל אויף דרערד.

און געמישט מיט פּיסקל שפּיציק
און געבלעטערט — ספר אַלט.
זיך געעקסט פּלייסיק, היציק
און געזאָגט צו מענטשלעך: — באַלד!

„באַלד וועל איך אַרויסגעפינען,
„ווי אַרויסבאַקומען איך.

„און איך וועל דערפאַר פאַרדינען
„תיכף עולם הבאָ גלייך"!

און מיט נייעלע געשמאַרעט
און מיט אייגעלעך פאַרגאַפט
האָט זיך מייזעלע געפּאַרעט
און געזויגן ספר־זאַפט.

אויסגעניש טערט אַלע בלעטלעך —
האָט זי ספרל געקייט,
אויסגעדזשאָבעט אַלע פּשטלעך —
און מיט בקיאות אויסגעשפּייט.

האָט זי ווייט שוין — ווייט געהאַלטן,
האָט זי זיך געסטאַרעט — נאָך.
ביז אין ספרל אין אַלטן
איז געוואָרן גרויס די לאָך!..

קאַפּיטעלע י׳.

פול מיט ספר און מיט חכמה איז דאָס
מייזעלע אַ זאַטע,
איז דאָס מייזעלע אַרויף אויף באַנק אויף
גלאַטער,
(ווייל—באַשלאָסן: ניטש צו לאָזן אין דער
לאַנגער באַנק
שאַרפן שפּיציקן געדאַנק!)
און צו זיי אַזוי געזאָגט:
— „שאַט!.. ע!.. מענטשעלעך! באַלד
טאָגט!
„און ביז טאָג אויף וועלט וועט שיינען,
„וועט נישט העלפן אייער טענהן —
„נישט קיין גואל, נישט קיין טאַטע,

„נישט קיין אתּה בחרתּנו,
„נישט קיין דינגען זיך און מאָנען,
„נישט קיין עבר זיך דערמאָנען"!
אָט אַזוי אויף באַנק אויף גלאַטער
האָט געדרשנט מויז די זאַטע;
און מיט פלוצלימדיקן דריי
עליע געצלען -- ביז צום ווײ —
שאַרף אַ ביס געטאָן אין פּיאַטע!

און מיט עקעלע אַ דריי —
האָקוס־פּאָקוס! איינס און צוויי,
טוך — אין ערגעץ איז פאַרפאַלן...

איז זיך קודם מיט געשריי

קלעקפאפיר אראפגעפאלן —
נישט געחוסט פון הוז, פון חאנען,
ווי פון הימל — ווייט פון דאנען
איז עס אים געווען באשערט...
טרראסק! פון בענקל אויף דער ערד!
און אז אויסגעהערט, אז שטיל איז,
שטיל איז, רו'יק איז ארום —
האט ער זיך געטאפט די זייטן,
(נאכן פאלן — א רגילות...)
און געזען: נישטא קיין מום,
נישט חלילה, לום אוז קרום!
קלך, א שטייגער, ווי ביי לייטן:
מיט פישטשעווקעס מיט אלע גאנץ!
כאטש הייב די פיס און גיי צום טאנץ!

האט ער פונם חלום-בלאסער
זיך געגאסן נעגל-וואסער;
איינגעהייצט דעם קליינעם אויוון
מיט פאפירלעך, מיט א שפענדל;
וואסער צוגעשטעלט א פענדל.
אנגעהויבן זיך צו דרייען —
פון דעם אויוון צו דעם אויוון,
ביז — — געגומען האט שארייען,
בלייבן זיך אויף נייעם טאג
(איידער ווען און איידער האט
קומט דאך אן דער „כּעלות“...)
האט ער שטיל געטאן א זאג:
— אוי, מה טובו! אוי, מה טובו!
און אין טלית און אין תפילין,
מיט א זיפץ און מיט א שטיקן,
האט ער זיך — פאר זיך פארטראכט

און אזוי צו זיך געמאכט,
שטארקער, זיכער און באווארנט —
אנגעהויבן פונם פארנט:
— אוי ווי גוט איז אן א גרענעץ!
„אוי, מה טובו! ווי ס'איז ווויל!“—
און — — אן עפן מיטן מויל,
און ארויסגעלאזט א גענעץ,
אבער סארא פיינעם געגעץ!

געגעץ קומט נישט צו קיין געגעץ!
ס'איז געווען שוין איינמאל געגעץ!
איבער שכל און פארשטאנד —
געגעץ שבגעגעץ געגעץ,
געגעץ פונם געגעצלאנד! — —
און א קלער טאן נישט באוויזן,
נישט א פינטל טאן מיט אויגן,
ווי די פירען, ווי די ריזן
זיינען אים ארויסגעפלויגן —
צאפלמענטשלעך זאלבאפערט!

און צו שטריקלעך און צו ווענט,
און מיט אייגעלעך צעברענט —
זיך געווענדט און אומגעקערט!

— — — — — — — — — — — — —

ווען עס ווענדט זיך נאר אן מיר —
וואלט איך אפשר נאך וואס זאגן,
ביזקל ס'וועט באמת טאגן!

ס'וועט געשען נאך אן א שיער
מעשיות מיט מיין קלעקפאפיר,
מיט די צאפלמענטשלעך פיר —
ביזקל אמחן יאריד...

בין איך אבער איצטער מיד,
זאל גאט מיר דערפאר נישט שטראפן.
מיינע העלדן ווילט זיך שלאפן
איצטער — מיט די אויגן אפן.

אַבאָנירט דעם איינציקן 2=וועכנטלעכן
אילוסטרירטן יידישן קינדער=זשורנאַל

# „גרינינקע ביימעלעך"

דערשיינט אין ווילנע אונטער דער רעדאַקציע

פון **ש. באַסטאָמסקי**

דריטער יאָרגאַנג (נאָך דער באַניַונג)

דערשינען אין די יאָרן 1914, 1915, 1919, 1920, 1921, 1922. באַנײַט אין יאָר 1926.

די „גרינינקע ביימעלעך" האָבן פאַרדינט
די אַלגעמײַנע אָנערקענונג פון אַלע
פריינד פון יידישן וואָרט און יידישן
קינד אין דער גאַנצער וועלט.

אַבאָנעמענטס=פרייז:

פאַר פוילן: א יאָר (20 נומערן)—7 ג. ½ יאָר (10) 4 ג.
פאַר אויסלאַנד: „ (20 נ.)—1,20 דאָל. „ „ 60 ס.

קאָמפּלעטן געבונדענע אין לייווּנטענע פּראַכט=בענדער:

I יאָרגאַנג — 6 גילדן (70 סענט)
II יאָרגאַנג — 10 „ (1,20 דאָלאַר)

אדרעס פון דער רעדאַקציע=אַדמיניסטראַציע:

Wilno, Stefańska 24 m. 28 „Grininke Bojmełech"

